ביבליאָטהעק „אַרבייטער פריינד"

נומער 4.



# פאטריאטיזמוס

## און

# אינטערנאציאנאליטעט.

— פון —

א. האמאן.



הערויסגעגעבען פון „אַרבייטער פריינד" אינטערשטיצונג פעראיין,
לאָנדאָן, דעצעמבער 1904.



„אַרבייטער פריינד" דרוקעריי 69 דאַנסטאָן הוזעס, א.



די גאַנצע אייראָפּעאישע וועלט רעדט פֿון פֿאָטערלאַנד, און דאָך גיט עס קיין מענשי וועלכער קען אונז געבען אַ קלאָהרע און בעשטימטע ערקלעהרונג פֿון דיזען בעגריף. דאָס וואָרט „פֿאָטערלאַנד" האָט אַרויסגערופֿען אַ גאַנצע פֿערדרעהעניש אין די גייסטער, אזוי דער פּאַטריאָטיזמוס האָט זיך ענטוויקעלט אַלס אַ נייע רעליגיאָן. פּונקט ווי ביי אַלע רעליגיאָנען, אַזוי איז אויך דער געגענשטאַנד פֿון דער פּאַטריאָטישער אָנבעטונג און פֿערעהרונג זעהר אונבעשטימט און אונקלאָהר דעפֿינירט געוואָרען. דער פּאַטריאָטיזמוס איז אַן אונבעשטימטעס געפֿיהל אָהן פֿעסטע גרונדלאַגען, אָהן אַ סיסטעם און אָהן אַן אָרדנונג. קיין גלוויביגער פֿון דער פּאַטריאָטישער רעליגיאָן האָט אַ קלאָהרע פֿאָרשטעלונג פֿון זיין גאָט. ער ווייס נאָר איין זאַך, אַז דער פּאַטריאָטיזמוס פֿאָדערט אַ געוויסע סאָלידאַריטעט צווישען די מענשען פֿון דעמזעלבען לאַנד. דאָס איז די איינציגע פֿאָרשטעלונג, וועלכע ער האָט. וועגען דער אינערליכע בעדייטונג פֿון דעם וואָרט „פֿאָטערלאַנד", איבער דאָס אינערליכע וועזען און די אינערליכע צוזאַמענשטעלונג פֿון דיזער אידעע ווייסען זיי קיין זאַך ניט. זייער פֿאָטערלאַנד איז אַן אונבעשטימטעס און טרוימהאַפֿטעס געפֿיהל, און עס גיט קיין פֿאָרשטעלונג, וועלכע איז אַזוי פֿערדרעהט און אונבעשטימט ווי דיזע.

געוועהנליך פערשטעהט מען אונטער דעם וואָרט „פאַ־טערלאַנד" אַ געוויסע שטיק לאַנד, וועמענס גרענעצען עס זיינען בעשטימט און אנערקענט געוואָרען דורך געוויסע בע־שליסע און קאָנטראַקטען, און וועלכע קענען צו יעדער צייט איבערגעביטען ווערען, צוליעב טויזענדער פערשיעדענע סאָ־ציאַלע אורזאַכען און בעדינגונגען. מען צייכענט קינסטליכע גרענעצען אויף דער לאַנד־קאַרט, וועלכע עקזיסטירען נאָר אין דער פאַנטאַזיע, גרענעצען, וועלכע פערדאַנקען זייער עקזיסטענץ אין פילע פעלע דעם ווילען פון מעהר אָדער ווייניגער צאָהלרייכע אינדיווידוען. דיזע גרענעצען רינגלען אַרום אַ בעשטימטעס שטיק לאַנד, וועלכעס מען רופט מיט דעם נאָמען „פאַטערלאַנד." דער פּאַטריאָטיזמוס פאָדערט די געגענזייטיגע סאָלידאַריטעט פון אַלע איינוואוינער, וואָס לעבען אין אַזאַ פאַטערלאַנד; אָבער די עקזיסטענץ פון דיזע קינסט־ליכע גרענעצען איז קיין אייביגע; זיי פערענדערען זיך זעהר אָפט און זיינען שוין פילע מאָל איבערגעביטען געוואָרען. אַ קריעג צווישען פירסטען און רעגיערער פון פערשידענע פאַ־טערלענדער, בעשטימטע קאָנטראַקטען צווישען די קעניגע, דאָס אַלעס קען פערגרעסערען אָדער פערקלענערען די אויס־סערליכע פאָרם פון'ם פאַטערלאַנד. עס טרעפט פיעלע מאָל, דאָס אַ מענש, וואָס איז געבוירען געוואָרען און לעבט אין אַ געוויסען פאַטערלאַנד, זאָל פּלוצלונג בעמערקען, אַז ער וואוינט גאָר — צוליב געוויסע פאָליטישע פּאַסירונגען, אין וועלכע ער האָט ניט גענומען דעם קלענסטען אַנטהייל — אין אַ נייען פאַטערלאַנד, טראָצדעם, וואָס ער האָט ניט פערלאָזען זיין היימאַטה. ער מאַכט דיזעלבע אַרבייט; ער לעבט אויף דעמזעלבען פלאַץ; דיזעלבע שכנים רינגלען איהם אַרום; ער פיהלט דעם איינ־פלוס פון דעמזעלבען קלימאַט; ער רעדט נאָך דיזעלבע שפּראַכע ווי בעפאָר, און טראָץ דעם איז ער געוואָרען פון אַ בעלגיער אַ פראַנצויז אַדער פון דעם געוועזענעם פראַנצויז

איז פלוצלונג געוואָרען אַן ענגלענדער. מיט איין וואָרט, ער האָט איבערגעביטען זיין פאָטערלאַנד.

לאָמיר זיך נאָר אַביסעל נעהנטער צוקיקען צו׳ם זאָגענאַנטען „פראַנצויזישען פאָטערלאַנד,“ לאָמיר בעאָבאַכטען, וועלכע ענטוויקלונג דיזעס לאַנד האָט דורכגעמאַכט זייט דעם יאָהר 1600. אין אַ שעהנעם אָבענד זיינען אַ געוויסע צאָהל מענשען ענטשלאָפען געוואָרען אַלס בעלגיער און איטאַליענער, און ווען זיי האָבען זיך אויפגעכאַפּט אין דער פריה, זיינען זיי געווען פראַנצויזען; אַנדערע האָבען זיך געלעגט שלאָפען אַלס פראַנצויזען און זיינען אויפגעשטאַנען אַלס ענגלענדער. זייער פאָטערלאַנד איז געוואָרען אַן אַנדערער, דערפאַר וואָס מענשען, וועלכע זיי האָבען גאָר ניט געקענט, האָבען געמאַכט אַ מלחמה, און שפּעטער זיינען זיי ווידער געוואָרען גוטע ברי־דער. דעם טאָג בעפאָר זיינען זיי געווען סאָלידאַריש צו די איינוואוינער פון אַ געוויסען לאַנד און פיינדליך צו די בעד־וואוינער פון אַן אַנדער לאַנד; מיט אַמאָל זיינען זיי געוואָרען סאָלידאַריש צו זייערע אַמאָליגע געגנער און פיינדליך צו זייערע פריהערדיגע מיט־פּאַטריאָטען.

קענט איהר געפינען אין דער וועלט נאָך אַ זאַך, וואָס זאָל זיין מעהר לעכערליך און אַבסורד פון דיזער?

די פערענדערליכקייט פון די גרענעצען און לענדער־איינ־טהיילונגען האָט געמאַכט פון דעם וואָרט פאָטערלאַנד אַן אונבעשטימטע, אינהאַלטסלאָזע און פוסטע פאָרשטעלונג. טראָצדעם האָט מען פערזוכט, צו גרינדען אויף דיזע אָב־גרענעצונגען און איינטהיילונגען די אידעע פון פאָטערלאַנד.

* * *

עס איז גאַנץ קלאָהר, אַז דיזע אונבעשטימטע און שטענדיג פערענדערליכע אידעע פון׳ם פאָטערלאַנד האָט נאַטירליך ניט געקענט בעפרידיגען די פאָרטגעשריטענע און וויסענ־שאַפטליכע גייסטער, וועלכע האָבען געזוכט אַ בעסערע או בעשטימטע ערקלעהרונג פון דיזען בעגריף.

דער בעגריף פֿאַטערלאַנד זעצט פֿאָרויס אַ געוויסע כּאָליר־דאַרישע געמיינשאַפֿטליכקייט פֿון אַ גרעסערע אָדער קלענערע צאָהל פֿון מענשליכע בעשעפֿעניסע. נעהמט אַוועק דיזען פֿונדאַמענט, און דאָס וואָרט האָט איבערהויפּט מעהר קיין בעדייטונג ניט. אויב מיר גיבען דאָס צו, מוזען מיר זיך פֿרעגען: וואו זיינען די נאַטירליכע גרענעצען פֿון דער פּאַטריאָטישער סאָלידאַריטעט? וואו ענדיגט זי זיך? ווי אַזוי קען מען ציהען די גרענעצען, וועלכע בעשטימען די פּאַטריאָטישע סאָלידאַריטעט פֿון אַ געוויסער גרופּע מענשען?

איינינע האָבען פֿערזוכט צו ענטפֿערען אויף דיזע פֿראַגען, ערקלעהרענדיג, אַז דער בעגריף „פֿאַטערלאַנד" מיינט אייגענטליך דעם אָרט, וואו מען איז געבאָרען געוואָרען. דיזע ערקלעהרונג איז גאַנץ דייטליך; אָבער זי גיט דער פּאַטריאָטישער סאָלידאַריטעט זעהר אַ קליינעם פּלאַץ, אַזוי קליין, אַז זי פֿעראייניגט נאָר די מענשען, וועלכע זיינען געבאָרען געוואָרען אין דעמזעלבען דאָרף אָדער אין דערזעלבער שטאָדט. לויט דיזער ערקלעהרונג בעשטעהט צווישען די איינוואוינער פֿון צוויי דערפֿער, וואָס ליגען גאַנץ נאָהנט צוזאַמען, קיין גרעסערע סאָלידאַרישע געמיינשאַפֿטליכקייט ווי צווישען די איינוואוינער פֿון פֿערשיעדענע וועלט־טהיילען. ווען מיר אַנערקענען דיזע ערקלעהרונג, דיזע דעפֿינאַציאָן פֿון דעם וואָרט „פֿאַטערלאַנד," דאַרפֿען מיר זיך מעהר ניט רופֿען: פֿראַנצויזען, רוסען, דייטשען, ענגלענדער אָדער איטאַליענער, ניין, מיר מוזען זיך רופֿען נאָך דעם אָרט וואו מיר זיינען געבאָרען געוואָרען; מיר זיינען אַלזאָ פּאַריזער, לאָנדאָנער, נויאָרקער, בעאַפּאָליטאַנער א. ז. וו. אויב אַזוי, גיט עס ניט קיין פּאַטריאָטישער גרונד, וועלכער קען פֿערפֿליכטען די איינוואוינער פֿון לאָנדאָן, צו זיין מעהר סאָלידאַריש צו די איינוואוינער פֿון ליווערפּול אָדער מאַנטשעסטער ווי צו די איינוואוינער פֿון בערלין אָדער פּאַריז. זיי זיינען געבאָרען געוואָרען אין פֿער־

שיעדענע פלעצער, פאָלגליך קענען ניט עקזיסטירען קיין סאָלידאַרישע פערפליכטונגען צווישען זיי.

אָבער דיזע ערקלעהרונג, וועלכע בעטראַכטעט דאָס „פאַטערלאַנד" אַלס דעם אָרט, וואו מיר זיינען געבאָרען געוואָרען, איז אַ ווידערשפּרוך צו דער אונבעשטימטער פאָרשטעלונג, וועלכע מיר מאַכען זיך געוועהנליך פון'ם פאַטערלאַנד. לויט דעם אַלגעמיינעם בעגריף פון דיזען וואָרט איז דער איינוואוינער פון סיינט מאַלאָ סאָלידאַריש צו דעם איינוואוינער פון ליל און מאַרסעי, טראָץ דעם, וואָס דיזע שטעט ליגען זעהר ווייט פון איהם; אָבער ער איז ניט סאָלידאַריש צו די איינוואוינער פון דזשערסי, וועלכע לעבען ניט ווייט פון איהם. דער איינוואוינער פון ניצאַ איז סאָלידאַר־יש צו דעם איינוואוינער פון האַווער, אָבער ער פיהלט קיין סאָלידאַריטעט צו זיין שכן, דעם איינוואוינער פון דזשענאָוואַ.

***

מאַנכע פערזאָנען האָבען פערזוכט, צו ערקלעהרען דעם בעגריף „פאַטערלאַנד" אַלס די געמיינשאַפטליכקייט פון די מנהגים, געוואוינהייטען, אייגענשאַפטען און שפּראַכע, וועלכע פערבינדען אַ געוויסע צאָהל מענשען איינע מיט די אַנדערע. דיזע דעפינאַציאָן פערגרעסערט דאָס שטיק לאַנד און די צאָהל פון די אינדיווידוען, וועלכע זיינען פעראייניגט דורך סאָלידאַרישע געמיינשאַפטליכקייטען. זי גיט מעהר פלאַץ און רוים ווי די ערשטע דעפינאַציאָן, וועלכע בעטראַכטעט דאָס פאַטערלאַנד אַלס דעם פלאַץ, וואו מיר זיינען געבאָרען געוואָרען. אָבער טראָץ דעם, וואָס דיזע צווייטע ערקלעהרונג איז נאָך ציעמליך קלאָהר, איז זי דאָך שוין פיל וויניגער שאַרף און דייטליך ווי די ערשטע. אין דער ווירקליכקייט זיינען די מנהגים און געוואוינהייטען פון אַ געוויסען אָרט אויך ניט שטענדיג דיזעלבע, זיי בייטען זיך איבער מעהר אָדער וויי־ניגער, צוזאַמען מיט דער טהעטיגקייט פון זיינע איינוואוינער, צוזאַמען מיט די קלאַסען און געזעלשאַפטליכע אַבטהיילונגען

א. ז. וו. ווען מיר רעדען אַלזאָ פֿון די געמיינשאַפֿטליכקייט פֿון די געוואוינהייטען, מנהגים א. ז. וו. דאַרפֿען מיר נאָר פערשטעהן געוויסע געוואוינהייטען, געוויסע מנהגים, אָבער ניט אַלע. יעדער איינער קען בעגרייפֿען, אַז עס האַנדעלט זיך נאָר אום געוויסע געמיינשאַפֿטליכע אייגענשאַפֿטען און אייגענטהימליכקייטען, וועלכע פֿעראייניגען דין אינדיווידוען פֿון אַ געוויסען שטיק לאַנד, וועמענס גרענעצען עס זיינען בעשטימט געוואָרען דורך דיזע געמיינשאַפֿטליכקייטען.

מיר קענען ווידערהאָלען דעמזעלבען אַרגומענט און איהם אויך אָנווענדען אין בעצוג צו דער שפּראַכע; דען ביי די מענשען פֿון פֿערשיעדענע געזעלשאַפֿטס-קלאַסען איז אויך די שפּראַכע ניט גאַנץ דיזעלבע. אויך אין דיזער בעציהונג קען מען נאָר ריידען פֿון געוויסע געמיינשאַפֿטליכע גרונדציגע, פֿון געוויסע עהנליכקייטען אין דעם אויסדרוק פֿון די געדאַנקען און געפֿיהלען.

אָבער טראָצדעם וואָס דיזע ערקלעהרונג, וועלכע שטיצט זיך אויף די געמיינשאַפֿטליכקייט פֿון די מנהגים, געוואוינהייטען און שפּראַכע, טראָצדעם וואָס דיזע ערקלעהרונג איז זעהר אונבעשטימט, וועלען מיר דאָך צוגעבען, אַז דאָס איז נאָך אַלענפֿאַלס אַן ערקלעהרונג. אָבער אויך דיזע דעפֿינאַציאָן איז אַ ווידערשפּרוך צו דער אונבעשטימטער אידעע, וועלכע מיר רופֿען געוועהנליך „פֿאַטערלאַנד."

אין דער ווירקליכקייט בעשטעהען פֿיל מעהר געמיינשאַפֿטליכע בעציהונגען אין די מנהגים, געוואוינהייטען און דער שפּראַכע צווישען די ברעטאָנער אין פֿראַנקרייך און די קעלטען אין ענגלאַנד, ווי צווישען די ברעטאָנער און די איינוואוינער פֿון ניצאַ, קאָרסיקאַ אָדער לאָטהרינגען, טראָצדעם וואָס אַלע רופֿען זיך פֿראַנצויזען. די מנהגים פֿון דעם עלזאַסער און דעם באַדענזער האָבען מעהר פֿערוואַנדשאַפֿט איינע מיט די אַנדערע ווי די מנהגים פֿון דעם עלזאַסער און דעם איינוואוינער פֿון פּאַריז אָדער ליל. זעהר נאָהנטע בעציהונגע

אין די מנהגים, געוואוינהייטען און דער שפּראַכע עקזיסטירען צווישען די איינוואוינער פון רוסיליאָן און די איינוואוינער פון קאַטאלאָניען, צווישען די איינוואוינער פון ניצאַ און די איינוואוינער פון דושענאָוואַ; אָבער טראָצדעם זיינען די איינע פראַנצויזען און די אַנדערע שפּאַניער; טראָצדעם בעלאַנגט ניצאַ צו פראַנקרייך און דושענאָוואַ צו איטאַליען. אַזוי עקזיסטירען נאָך פיעלע פערוואַנדשאַפטען צווישען געוויסע פאָלקס־קלאַסען פון פערשידענע לענדער.

ווען עס וואָלט געווען ריכטיג, אַז דאָס פאַטערלאַנד ווערט בעשטימט דורך די געמיינשאַפטליכקייט פון די מנהגים, געוואוינהייטען און שפּראַכע, דאַן וואָלט געמוזט עקזיסטירען אַ פּאַטריאָטישע סאָלידאַריטעט צווישען די פראַנצויזישע ברעטאָנען און די איינוואוינער פון ווילס; צווישען די בעוואוינער פון ניצאַ און די איינוואוינער פון דושענאָוואַ; צווישען עלזאַסער און באַדענזער. ווען דיזע דעפינאַציאָן איז ריכטיג, דאַן קען עס ניט געבען קיינע סאָלידאַרישע פערפּפליכטונגען צווישען עלזאַסער און ברעטאָנער, צווישען די איינוואוינער פון ניצאַ און די איינוואוינער פון דער נאָ־מאַנדיע א. ז. וו. אָבער די טהאַטזאַכען בעווייזען דאָס געגענטהייל.

דאָס בעווייזט אונז, אַז די פּוסטע אידעע פון׳ם פאַטערלאַנד, וועלכע בעהערשט געגענווערטיג די גייסטער, ווערט ניט בעשטימט דורך דעם אָרט פון דער געבורט, זי ווערט אויך ניט בעשטימט דורך די געמיינשאַפטליכקייט פון די מנהגים, געוואוינהייטען, אייגענשאַפטען אָדער שפּראַכע.

* * *

אפשר ווערט די אידעע פון׳ם פאַטערלאַנד בעשטימט דורך די געמיינשאַפטליכקייט פון די אינטערעסען, אויף וועלכע עס גרינדעט זיך די סאָלידאַריטעט צווישען פערשיעדענע אינדיווידוען? ווען מיר וועלען אָבער אַנאַליזירען די סאָציאַלע ערשיינונגען פון אַ געוויסען פאַטערלאַנד, וועלען מיר באַלד אויסגעפינען, אַז זיינע בעוואָהנער האָבען זעהר פערשידענע

אינטערעסען; עס טרעפֿט גאַנץ זעלטען אַז די אינטערעסען זאָלען זיין געמיינשאַפֿטליכע; זעהר אָפֿט זיינען זיי זאָגאַר אַנטאַגאָניסטישע איינע צו די אַנדערע. ווען מיר וועלען אַלזאָ ערקלעהרען דעם בעגריף „פֿאַטערלאַנד” אַלס די געמיינשאַפֿטליכקייט פֿון די אינטערעסען, דאַן איז דער רוים, דאָס געביעט, דער פּלאַץ, וועלכער ווערט פֿערנומען פֿון אַזאַ פֿאַטערלאַנד, זעהר אַ קליינער, פֿיל קלענער, ווי די גרויסע לענדער־אַבטהיילונגען, וועלכע מיר רופֿען היינט מיט דעם נאָמען פֿאַטערלאַנד. דער אָרט, אויף וועלכען עס עקזיסטירט אַ געמיינשאַפֿטליכקייט פֿון די אינטערעסען, איז כמעט דערזעלבער, ווי דער, אויף וועלכען עס עקזיסטירט אַ געמיינשאַפֿטליכקייט אין די מנהגים, געוואוינהייטען, טהעטיגקייט און שפּראַכע.

אין אַ פֿאַטערלאַנד ווי דאָס געגענווערטיגע פֿראַנקרייך זיינען די אינטערעסען פֿון די בעוואוינער אַנטאַגאָניסטיש, ענטגעגענגעזעצט איינע צו די אַנדערע, לויט דעם געגענד און דעם אָרט נאָך. אין אַן אַגראַרישען בעצירק, ד. ה. אַ שטיק לאַנד, אויף וועלכען די בעוואוינער בעשעפֿטיגען זיך מיט אַקערבוי און פֿעלד־אַרבייט, איז יעדער איינער פֿאַר די איינפֿיהרונג פֿון אַ שוץ־צאָל (אַ ספּעציעלען שטייער אויף פֿרעמדע פּראָדוקטען) אום זיך צו שיצען געגען דער אויסלענדישער קאָנקירענץ. אין אַן אַנדער בעצירק פֿון דעמזעלבען פֿאַטערלאַנד, וואו מען בעשעפֿטיגט זיך צום גרעסטען טהייל מיט האַנדעל, ווינשט מען די אָבשאַפֿונג פֿון דעם שוץ־צאָל און די איינפֿיהרונג פֿון דעם „פֿריי־האַנדעל,” (דעם סיסטעם פֿון „פֿריי־טרייד” ווי דער ענגלענדער רופֿט עס) די געזעצליכע אַנערקענונג פֿון איינעם אָדער דעם אַנדערען פֿון די ביידע סיסטעמען, מוז מעהר אָדער ווייניגער רואינירען דעם איינעם אָדער דעם אַנדערען בעצירק. די בעוואוינער פֿון אַ פּראָווינץ, וועלכע בעשעפֿטיגען זיך מיט דער פּראָדוקציאָן פֿון בוראַקעס וועלען שטענדיג זיין די ביטערסטע געגנער, אַז מען זאָל פֿריי אַריינלאָזען דעם אויסלענדישען צוקער־ראָהר, וועהרענד אַנדערע

פון זייערע מיט־פאַטריאָטען ווינשען און שטרעבען צו דעם. מיר וואָלטען געקענט אָנפיהרען נאָך טויזענדער ביישפּיעלע פאַר דיזע טהאַטזאַכען. די דיסקוסיאָנען אין פּאַרלאַמענט איבער שוץ־צאָל און פריי־האַנדעל וואַרפען אַ קלאָהרען ליכט אויף די ענטגעגענגעזעצטע אינטערעסען אין דעמזעלבען פאַטערלאַנד. מיר קענען גאַנץ דייטליך בעאָבאַכטען דעם געגענזאַץ פון די אינטערעסען, וועלכע עקזיסטירט זאָגאַר זעהר אָפט צווישען צוויי בענאַכבאַרטע בעצירקען, אין וועלכע די פּראָדוקטיווע טהעטיגקייט איז אַ פערשיעדענע. ווער עס שטודירט צ. ב. ש. די עקאָנאָמישע אומשטענדען פון פראַנקרייך, וועט זעהר באַלד אויסגעפינען, אַז די אינטערעסען פון געוויסע געגענדען האָבען מעהר געמיינשאַפטליכקייט מיט געוויסע טהיילען פון אַנדערע פאַטערלענדער, ווי מיט פילע פּראָווינצען אין בעצירקען פון דעם פראַנצויזישען פאַטערלאַנד.

ווען מיר וואַרפען אַ בליק אויף די פערשיעדענע פּראָווינצען און בעצירקען פון אַ געוויסען פאַטערלאַנד, ווען מיר בעטראַכטען די פערשיעדענע סאָציאַלע קלאַסען, וועלכע לעבען אין דעמזעלבען פאַטערלאַנד, וועלען מיר באַלד אויסגעפינען, אַז די אינטערעסען פון אַ בעשטימטער סאָציאַלער קלאַסע, זיינען פיל מעהר פערוואַנדט און מעהר געמיינשאַפטליך צו די אינטערעסען פון דערזעלבער קלאַסע אין אַן אַנדער פאַטערלאַנד, ווי מיט די אינטערעסען פון אַן אַנדער קלאַסע אין דעם אייגענעם פאַטערלאַנד.

אָהנע צווייפעל איז דער פראַנצויזישער פּראָלעטאַריער, וואָס אָנבעלאַנגט זיינע אינטערעסען, פיעל ענגער פערבונדען מיט דעם ענגלישען, דייטשען, אָדער איטאַליענישען פּראָלעטאַריער, ווי ער איז פערבונדען מיט דעם פראַנצויזישען קאַפּיטאַליסט. צווישען דעם פראַנצויזישען און ענגלישען קאַפּיטאַליסט בעשטעהט אַ פיעל שטאַרקערע און נעהנטערע געמיינשאַפטליכקייט פון די אינטערעסען ווי עס בעשטעהט צווישען זיי און די אַרבייטער פון זייערע אייגענע פאַטערלענדער. צווישען די

פראָפעסיאָנעלע סאָלדאַטען, אָפיצירען, גענעראַלען א. ז. וו. פון פערשידענע פאַטערלענדער עקזיסטירען גרעסערע גע־מיינשאַפטליכע אינטערעסען, ווי צווישען די מיליטערישע פיהרער און די אַרבייטער פון דעמזעלבען לאַנד.

מיר זעהען אַלזאָ, אַז דער בעגריף פאַטערלאַנד, אַזוי ווי מען פאַסט איהם געוועהנליך אויף, ווערט ניט בעשטימט דורך די געמיינשאַפטליכקייט פון די אינטערעסען.

ווען דאָס פאַטערלאַנד קען אַלזאָ ניט ערקלעהרט ווערען אַלס דער אָרט, וואו מיר זיינען געבאָרען געוואָרען, ווען עס גרינדעט זיך ניט אויף די געמיינשאַפטליכקייט פון די מנהגים, געוואוינהייטען, שפראַכע און אַלגעמיינע אינטערעסען, פיליייכט איז דיזעס וואָרט דאַן דער אויסדרוק פון די ריין אינדיווידו־עלע אינטערעסען?

זאָלען מיר זאָגען מיט די גריכישע פאָעטען אַריסטאָ־פאַנעס און עוריפידעס: „וואו איך לעב גוט, דאָרט איז מיין פאַטערלאַנד"? זאָלען מיר דענקען מיט מערלען קאָקעי: „אַז מיר האָבען קיין אַנדער פאַטערלאַנד, ווי דאָס, וואָס מיר בעריהרען מיט אונזערע פיס?" זאָלען מיר אַנערקענען די מיינונג פון לואי קוריע, וועלכער האָט געשריבען: „דאָס פאַטערלאַנד איז דאָרט, וואו עס געהט מיר גוט; ווען איך מאַך אַ לעבען אין רוים, דאַן איז עס גאַנץ קלאָהר, אַז איך בין אַ רוימער" — ?

אויב דאָס איז דער פאַל, דאַן איז דיזע אויפפאַסונג די נעגאַציאָן, די אַבסאָלוטע אָבלייקנונג פון דעם, וואָס מיר פערשטעהן געוועהנליך אונטער דעם בעגריף פאַטערלאַנד; אויב דאָס איז ריכטיג, דאַן גיט ניט קיין אַנדער סאָלידאַריטעט ווי די, וועלכע ווערט אונז פאָרגעשריבען פון אונזערע אינדי־ווידועלע אינטערעסען, און די געמיינשאַפטליכקייט שפילט קיין ראָלע ניט. דאָס אינדיווידואום פיהלט זיך סאָלידאַריש צו אַנדערע, ווען זיינע אינטערעסען פאָדערען עס, ער פיהלט זיך ניט סאָלידאַריש צו אַנדערע, ווען ער גלויבט, אַז עס איז

פאָרטהיילהאַפטער און בעסער פאַר זיינע אינטערעסען; ער האַנדעלט אימער צום בעסטען פון זיינע פערזענליכע אינטערעסען, ניט פרעגענדיג נאָך די אינטערעסען פון אַנדערע מיטגליעדער פון דערזעלבער געמיינשאַפט. ווען די אינדיווידועלע אינטערעסען זיינען דער פונדאַמענט פון דעם פאַטערלאַנד, דאַן עקזיסטירט ניט פאַר מיר קיין פאַטריאטישער גרונד, וועלכער קען מיר פערפליכטען צו זיין סאָלידאַריש צו די אַנדערע; דאַן האָט יעדער אינדיווידואום זיין אייגענעם פאַטערלאַנד און קיין שום סאָלידאַרישע בעציהונגען פערבינדען איהם ניט מיט אַנדערע מענשען. יעדער מענש האַנדעלט נאָך זיין אייגענעם ווילען, נאָך זיין אייגענעם געדאַנק. דער בעגריף פון אַ געמיינשאַפטליכען פאַטערלאַנד, די געמיינזאַמע גרונדלאַגע, וועלכע פערבינדעט אַ געוויסע צאָהל מענשען, דאָס אַלעס האָט ניט קיין ווערטה, דען די פערזענליכע אינטערעסען זיינען וויכטיגער ווי אַלע אַנדערע.

דאָרט, וואו דער מענש מאַכט אַ לעבען, דאָרט איז זיין פאַטערלאַנד; ער נעהמט עם מיט זיך אויף די ווילען פון זיינע שיך. היינט איז ער אַ רוימער, מאָרגען איז ער אַן ענגלענדער; איבער-מאָרגען איז ער אַ דייטש אָדער אַ פראַנצויז, אַזוי ווי עס איז בעסער פאַר זיינע פערזענליכע אינטערעסען. אום צו בעלאַנגען צו אַן אַנדער פאַטערלאַנד, איז עס גאָר ניט נויטיג, אַז ער זאָל פערלאָזען אַ בעשטימטע געגענד, עס איז גענוג פאַר איהם צו האַנדלען אַזוי ווי זיינע אייגענע אינטערעסען פאָדערען, ניט אַכטענדיג אויף די אינטערעסען פון די אַנדערע אינדיווידוען, וואָס רינגלען איהם אַרום.

דיזע דעפינאַציאָן פון דעם בעגריף פאַטערלאַנד, ווערט אילוסטרירט דורך אונצעהלבאַרע טהאַטזאַכען; זי איז די פאַטריאָטישע פאָרשטעלונג פון אַלע אינדיווידוען, וועלכע בעלאַנגען צו דער בעזיצענדער קלאַסע.

דער קויפמאַן, וועלכער קויפט און פערקויפט אויסלענדישע פראָדוקטען און קאָנקורירט דורכדעם מיט דער פראָדוקציאָן

פון זיין אייגענעם פאָטערלאַנד, דיזער קויפמאַן פרעגט ניט, צו ער שעדיגט דאַדורך זיינע מיטפאַטריאָטען, צו ניט; ער האַנדעלט אַזוי ווי זיינע פערזענליכע אינטערעסען פאָדערען; זיינע אינטערעסען שאַפען דעם בעגריף פון זיין פאַטערלאַנד.

דער פאַבריקאנט, וואָס בעשעפטיגט אויסלענדישע אַרבייטער, וועלכע נעהמען אַ קלענערען פרייז פאַר זייער אַרבייטס-קראַפט, האַנדעלט נאָך זיינע פערזענליכע אינטערעסען און שעדיגט די אינדיווידועןפון זיין פאַטערלאַנד. זיין פאַטערלאַנד גרינדעט זיך אויף זיינע פערזענליכע אינטערעסען.

דער קאַפיטאַליסט, וועלכער שפעקולירט אויף אַלע בערזען, וועלכער האַנדעלט מיט די ווערטה-פאַפירען פון אַלע לענדער, ער שעדיגט זיין פאַטערלאַנד אויף יעדע וויזע. אָבער ער פיהלט גאָר קיין געוויססענסביסע, דען ער בעטראַכט זיינע פערזענליכע אינטערעסען אַלס דעם פונדאַמענט פון זיין פאַטערלאַנד.

דער גרונדבעזיצער, וועלכער בענוצט זיין פאָליטישען איינפלוס, אום אַרויפצולעגען אַ שטייער אויף אויסלענדישע פראָדוקטע אויף זיינע לאַנדסלייט, שעדיגט דאַדורך די בעוואוינער פון זיין אייגענעם לאַנד, דען ער צווינגט זיי צו ענטזאַגען זיך פון דיזע פראָדוקטען. זיין פאַטערלאַנד ווערט רעפרעזענטירט דורך זיינע פערזענליכע אינטערעסען.

דער ערפינדער, וועלכער פערקויפט זיין ערפינדונג צו פרעמדע, וויסענדיג, אַז זי איז ניצליך און נויטהווענדיג פאַר די נאַציאָנאַלע פערטהיידיגונג פון זיין אייגענעם לאנד, האַנדעלט געגען די אינטערעסען פון זיינע מיט-פאַטריאָטען. דער פערזענליכער נוצען איז זיין פאַטערלאַנד.

דער בעזיצער, דירעקטאָר, פערוואַלטער אָדער אַקציאָנער פון אַן אינדוסטריע-געזעלשאַפט אָדער אַ האַנדעלס-קאָמפאַני, וועלכע פערקויפט קאַנאָנען, פולווער, גראַנאַטען און וואַפען צו אַנדערע לענדער, אָדער וועלכער באָרגט אוים געלדער צו אַ פרעמדער מאַכט, זיי אַלע האַנדלען ניט אַלס פאַטריאָטען,

זאָנדערען אַלס אינדיווידוען, וועלכע זוכען זייערע אייגענע אינטערעסען. זייערע אינטערעסען זיינען דאָס פונדאַמענט פון זייער פאַטערלאַנד.

כמעט אַלע טעגליכע פאַסירונגען בעווייזען אונז, אַז דאָס פאַטערלאַנד פון די מענשען איז דער פלאַץ, וואו זיי מאַכען אַ לעבען. זייער פאַטערלאַנד גרינדעט זיך אויף זייערע פער־זענליכע אינטערעסען, און זייער פאַטריאָטיזמוס איז ניט אַנדערש, ווי די מעגליכקייט צו שיצען זייערע פערזענליכע אינטערעסען.

דיזער בעגריף, וועלכער איז גראַדע דאָס געגענטהייל פון דער סאָלידאַריטעט איז אין דערזעלבער צייט דאָס געגענ־טהייל פון יענער אונבעשטימטער פאָרשטעלונג, וועלכע מיר רופען געוועהנליך פאַטערלאַנד, דיזע פאָרשטעלונג איז אין דער ווירקליכקייט ביי די מייסטע מענשען דער אמת'ער בע־גריף פון'ם פאַטערלאַנד. ווען די גרויסע מאַסע בעטראַכטעט דאָס פאַטערלאַנד אַלס די סאָלידאַרישע געמיינשאַפטליכקייט פון די איינוואוינער פון דעמזעלבען לאַנד, דאַן איז דאָס ניט מעהר ווי אַ פוסטע פראַזע.

נאָך דער אונבעשטימטער פאָרשטעלונג, וועלכע מיר קענען זיך מאַכען פון פאַטערלאַנד, איז דער יעניגער אַ פאַטריאָט, וועלכער איז איבערצייגט פון דער גרויסקייט פון זיין לאַנד. אַ פאַטריאָט איז דער יעניגער, וועלכער ליעבט זיין פאַטערלאַנד ביז צום טויט, און וועלכער — דאָס איז די לאָגישע קאָנ־זעקווענץ — האַסט און פעראַכטעט אַלע אַנדערע לענדער. וואָלטער זאָגט מיט רעכט: „צו זיין אַ גוטער פאַטריאָט מיינט אייגענטליך צו ווינשען, אַז מיין פאַטערלאַנד זאָל ווערען רייך דורך דעם האַנדעל, אַז עס זאָל ווערען מעכטיג דורך די וואַפען. מיט אַנדערע ווערטער הייסט עס: צו ווינשען זיינע שכנים אַלעס שלעכטס." אַ פאַטריאָט איז דער יעניגער, וועלכער ווינשט, אַז זיין פאַטערלאַנד זאָל זיין גרעסער און שטאַרקער פון אַלע אַנדערע לענדער. ווען די געאָגראַפישע

ג־ענעצען פֿון אַ לאַנד זיינען איבערגעביטען געוואָרען, דורך וועלכע עס ניט איז פּאַסירונגען, ווען עס איז געשאַפֿען געד זואָרען אַ נייע איינטהיילונג, דאַן פֿאָדערט דער פּאַטריאָט „רעוואַנש," ד. ה. ער וויל נעהמען ראַכע, אום צופֿריעדען צושטעלען יענע אונערקלעהרטע און אונערקלעהרבאַרע זאַך, וועלכע רופֿט זיך „עהרע;" ער וויל דעם קריעג מיט אַלע זיינע מורא'דיגע קאָנזעקווענצען, דעם קריעג מיט זיין בלוט און זיינע לייבען, דעם קריעג מיט זיין אונענדליכען אונגליק, מיט זיינע בעסטיאַלישע פֿערברעכען.

מיט רעכט זאָגט פֿראַנסאָא קאָפּע: „אונזער פֿאָדערונג צו נעהמען ראַכע, איז ניט מעהר ווי אַ משוגעת."

און ווירקליך, איז עס ניט קיין משוגעת, ווען מיר זעהען, דאָס אַלע פּאַטריאָטען פֿון אַלע לענדער, ווערען בעהערשט פֿון דערזעלבער אידעע פֿון רעוואַנש, דער אידעע צו נעהמען ראַכע? עס גיט ניט קיין לאַנד, וועלכעס האָט ניט ווען עס איז איבערגעביטען זיינע גרענעצען, עס גיט ניט קיין לאַנד, וועלכעס איז ניט אַמאָל בעזיעגט געוואָרען אין פֿערלויף פֿון די יאַהרהונדערטע. די פּאַטריאָטען פֿון אַלע לענדער מוזען אַלזאָ האָבען דעם „הייליגען וואונש, צו בעזיעגען זייערע געגנער" און צו שאַפֿען נייע לאַנד־איינטהיילונגען פֿאַר זייער פּערזענליכען נוצען. דאָס מיינט אַלזאָ אַן אייביגער קריעג און אַן אייביגע פֿאָרבערייטונג צום קריעג. קען עס ווירקליך געבען אָ גרעסערע לעכערליכקייט ווי דיזע שטרעבונגען?

דער ענגלענדער האַסט דעם פֿראַנצויז; דער סקאָטלענדער האַסט דעם ענגלענדער. דער פֿראַנצויז האַסט דעם דייטש, דער איטאַליענער האַסט דעם עסטרייכער און אַלע ערוואַרד טען מיט אונגעדולד דעם טאָג, פֿון דעם אַלגעמיינעם מאָרד, דעם טאָג, אין וועלכען זיי וועלען זיך בעקעמפֿפֿען דורך פֿייער, רויב און געוואַלד. ווירקליך אַ שעהנער אידעאַל! דאָס איז דער אידעאַל פֿון'ם פּאַטריאָטיזמוס, דער אידעאַל פֿון אַלע די, וועלכע פֿערטהיידיגען די נויטהווענדיגקייט פֿון קריעג, און די

נויטהווענדיגקייט פון דעם בעוואַפענטען „פריעדען." זעהענדיג אַזאַ מין „אידעאַל," מוזען מיר דאָך ניט ווידערהאָלען די ווערטער פון דעם גרויסען דזשאָנסאָן: „דער פאַטריאָטיזמוס איז דאָס לעצטע רעטונגס-מיטעל פון שורקען?"

דער יעצטיגער פריעדען, וועלכער גרינדעט זיך אויף די עקזיסטענץ פון געוואַלדיגע בעוואַפענטע אַרמעען, איז פאַר די מאַטעריעלע לאַגע פון די נאַציאָנען נאָך געפעהרליכער ווי דער קריעג אַליין. די סטאַטיסטיק גיט אונז אַ גוטע אילוס-טראַציאָן פאַר דיזע טהאַטזאַכע. אין דער אויסגעצייכענטער שריפט „ווארום זיינען מיר אינטערנאַציאָנאַליסטען?," וועלכע איז אַרויסגעגעבען געוואָרען פון אַן אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערע סטודענטען-גרופע אין פאַריז, איז בעוויזען געוואָרען, אַז דאָס מיליטערישע סיסטעם פערקלענערט די פראָדוקציאָן-פעהיגקייט פון אַ פאָלק אום אַן אַכטעל. אָבער אויסער דיזען פאַקטאָר, וועלכער רואינירט די נאַציאָ-נען, גיט עס נאָך אַ צווייטער וויכטיגער פאַקטאָר: די אונגעהייערע סומע, וועלכע די פעלקער מוזען בעצאָהלען פאַר די שטענדיגע עקזיסטענץ פון געוואַלדיגע אַרמעען.

לויט דעם אָפיציעלען בעריכט האָט פראַנקרייך אויסגעגע-בען אין 1891 פאַר זיין נאַציאָנאַלע פערטהיידיגונג (אַרמעע און מאַרינע) 1,138,823,910 פראַנק. אין איטאַליען בעטרע-פען די יעהרליכע אויסגאַבען פאַר דעם מיליטאַריזמוס אריבער 400 מיליאָן פראַנק. די פינאַנציעלע אויסגאַבען, וועלכע דייטשלאַנד האָט געהאַט פאַר איהר אַרמעע און מאַרינע פון 1872 ביז 1889 בעטרעפען 12 מיליאַרדען. פראַנק-רייך'ס אויסגאַבען זיינען געוועזען נאָך פיל גרעסער. אַלע איבריגע מעכטע זיינען אָנגעקומען ביי דעם זעלבען פינאַנ-ציעלען אָבגרונד; אַלע שטאַאַטען האַלטען שטענדיגע אַרמעען און גיבען אויס אונגעהייערע סומען פאַר זייער עקזיסטענץ. אין דער צייט פון פריעדען געפינען זיך אין איראָפאַ 3,500,000 סאָלדאַטען; פראַנקרייך אַליין האַלט 572,000

מאַן, דייטשלאַנד 500,000 מאַן און רוסלאַנד 782,000 מאַן.

אין דער קורצער צייט פון 17 יאָהר, פון 1875 ביז 1892, האָבען זיך די מיליטערישע אויסגאַבען פערגרעסערט ווי פאָלגט: אין דייטשלאַנד מיט 137 פראָצענט; אין איטאַליען מיט 92 פראָצענט; אין פראַנקרייך מיט 84 פראָצענט; אין רוסלאַנד מיט 79 פראָצענט און אין ענגלאַנד מיט 37 פראָצענט.

די הערשאַפט פון דעם מיליטערישען פריעדען מיט זיינע געוואַלדיגע אַרמעען און דער ריעזיגער פראָדוקציאָן פון נייע מאָרד-אינסטרומענטען, דיזער מיליטערישער פריעדען צושטערט די מאַטעריעלע גרונדלאַגען פון די פעלקער. אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלעס; די עקזיסטענץ פון שטענדיגע אַרמעען איז אויך אַ גרויסע געפאַהר פאַר דעם פהיזישען און מאָראַלישען צושטאַנד פון אַ פאָלק.

איך וועל יעצט נאָר רעדען פון „מיין פאַטערלאַנד,“ פון פראַנקרייך. ביי אונז איז די אַרמעע אַ קערפערשאַפט, וועלכע פערברייטעט דעם אלקאָהאָליזמוס און די סיפילים; זי קאָררומפירט אַלע די, וועלכע קומען מיט איהר אין אַ נעהנטערע בעריהרונג. ביי אונז איז די אַרמעע אַ שולע פון קאָררופציאָן, עלענד און פערברעכען. די בעווייזע פאַר דיזע בעהויפטונג זיינען גענוג צאָהלרייך; זיי זיינען צונויפגעשטעלט געוואָרען אין די שריפטען פון קאָררע, באַאַיע, קאָלאַדזשאַני און פון מיר אַליין, און זיי בעווייזען קלאָהר און דייטליך, אַז די שטענדיגע אַרמעען קאָררומפירען די פעלקער פהיזיש און מאָראַליש.

ווען מיר וועלען בעטראַכטען די אידעע פון'ם פאַטראָטיזמוס און פאַטערלאַנד פון אַ פילאָזאָפישען שטאַנדפונקט, ווען מיר וועלען אונטערזוכען דיזע בעגריפע וויסענשאַפטליך אָהן האַס, אָהן ליידענשאַפט, וועלען מיר קומען צו דער איבערצייגונג, אַז דער פאַטריאָטיזמוס פעראורזאַכט און ענטוויקעלט דעם האַס צווישען די מענשען און דעם מאַטעריעלען, פהיזישען און מאָראַלישען באַנקראָט פון די פעלקער.

די אידעע פון'ם פאַטערלאַנד איז דער דירעקטער געגענזאַץ צו אַלע מענשליכע אינטערעסען, זי איז אַ ווידערשפּרעכונג געגען אַלע מענשליכע געפיהלען און עמפּפינדונגען.

***

ווען מיר קוקען זיך אַ ביסעל נעהנטער צו צו דער פּאַטריאָטישער פראַגע, וועלען מיר באַלד אויסגעפינען, אַז דער פּאַטריאָטיזמוס און די אונבעשטימטע אידעע פון'ם פאַטערלאַנד פּאַסען זיך שטענדיג צו צו די אינטערעסען פון די רעגירענדע קלאַסען.

דער מענש מוז האָבען אַן אידעאַל; דאָס בעווייזען אַלע ערפאַהרונגען, וועלכע מיר האָבען געמאַכט. ער קען געפינען דיזען אידעאַל אין דער רעליגיאָן, אין דער מעהר אָדער ווייניגער אונקלאָהרער אידעע פון אַ גאָט; ער קען איהם געפינען אין דעם מעהר אָדער ווייניגער אונבעשטימטען בעגריף פון אַ פאַטערלאַנד; ער קען איהם אויך געפינען אין אַ נייע רעליגיאָן, וועלכע גרינדעט זיך אויף די אַלגעמיינע מענשליכע סאָלידאַריטעט.

די גאָטעס־אידעע איז טויט אָדער בעסער געזאָגט, זי האַלט ביי'ן שטאַרבען. זאָגאַר אין די לענדער, וואו זי איז נאָך אַם שטאַרקסטען, פערלירט זי וואָס ווייטער אַלס מעהר פון איהר אַמאָליגען איינפלוס. די גרויסע דענקער פון ם 16־טען און 18־טען יאָהרהונדערט און די פרייע פאָרשונגען פון דער מאָדערנער וויסענשאַפט האָבען פערניכטעט איהרע לעבענסקרעפטע.

די אידעע פון דער מענשהייט איז ביז יעצט נאָר די רעליגיאָן פון אַ קליינע מינאָריטעט, וועלכע ווינשען דעם וואָהלזיין און דאָס גליק פאַר אַלעמען, די פרייע ענטוויקלונג פון'ם אינדיווידואום און די סאָלידאַריטעט צווישען אַלע מענשליכע וועזען, ניט קוקענדיג אויף זייערע אינדיווידועלע פערשיעדענהייטען.

אין נאָמען פון גאָט האָבען די רעגירענדע און מעכטיגערע

קלאַסען בעריובט און אויסגעבייטעט פילע יאהרהונדערטע לאַנג די גרויסע און בעזיצלאָזע פעלקער־מאַסען. היינט איז דער נאָמען פון גאָט ניט מעהר גענוג מעכטיג, צו רעכט־פערטיגען די הערשאַפט פון איין קלאַסע איבער דער אַנדע־רער. דאַרום האָט די בורזשואַזיע, די בעזיצערין פון דעם לאַנד און די פאַבריקען, ערפונדען אַ נייע רעליגיאָן, דעם פאַטריאָטיזמוס, אום צו ערהאַלטען איהר הערשאַפט איבער דער פראָלעטאַריער־קלאַסע.

מיט דעם וואָרט „פאַטערלאַנד" האָט זי בעשאַפען אַן אונבעשטימטעם אידעאַל, וועלכעם געפינט זיין אויסדרוק אין דעם שטענדיגען שטרעבען, צו ווערען שטאַרקער און מעכ־טיגער פון אַלע אַנדערע פעלקער. דיזער אידעאַל האָט פראָדוצירט דעם געדאַנק פון ראַבע, ווען אַ לאַנד איז בעזיעגט געוואָרען, און די קאָנזעקווענצען פון דיזען געדאַנק זיינען די גרויסע אַרמעען, וועלכע רואינירען די פעלקער.

די פראָלעטאַריער האָבען ליידער נאָך ניט בעגריפען, אַז דיזער אידעאַל, וועלכען מען פריידיגט זיי אין די שולען דורך אַ סיסטעמאַטישע פאַטריאָטישע ערציהונגס־מעטהאָדע, איז אַ דירעקטער ווידערשפרוך, אַ הינדערניס פאַר זייערע פערזענ־ליכע אינטערעסען.

וואָלטער איז געווען גערעכט, ווען ער האָט געזאָגט: „אין יעדען גרעסערען לאַנד גיט עס אייניגע מיליאָנען מענ־שען, וועלכע האָבען איבערהויפּט ניט קיין פאַטערלאַנד."

די פראָלעטאַריער, די מענשען, וועלכע בעזיצען קיין זאַך ניט — קיין לאַנד, קיין פערמעגען, קיין אייגענטהום, זיי האָבען ליידער נאָך ניט בעגריפען, אַז דער פאַטריאָטישער אידעאַל האָט פאַר זיי אין גאַנצען קיין ווערדע ניט. וואָס האָבען זיי צו טהאָן מיט דעם פאַטערלאַנד? איז לאַ ברויער אונגערעכט, ווען ער זאָגט: „וואָס פאַר אַ נוצען קען עס מיר ברייגנען, מיר און דעם גאַנצען פאָלק, ווען מיין פאַטערלאַנד איז גרויס און מעכטיג, ווערהרענד איך אַליין

פֿיהל זיך עלענד און אונטערדריקט?" דער פּראָלעטאַריער איז אונטערדריקט און פֿערשקלאַפֿט אין דעם ענגלישען פֿאַטערלאַנד פּונקט ווי אין דעם פֿראַנצויזישען; ער איז אונטערדריקט אין דייטשלאַנד פּונקט ווי אין רוסלאַנד און אַנדערע לענדער. ער ווערט אויסגעבייטעט און בערויבט אין יעדען לאַנד, און עס איז פֿאַר איהם גאַנץ גלייכגילטיג, צו דער אויסבייטער רופֿט זיך אַ רוס אָדער אַ טערק.

וואָס פֿאַר אַן אונטערשיד איז עס פֿאַר איהם, צו ער בעצאָהלט זיינע שטייערען און אָבגאַבען צו וויקטאָריאַ פֿון ענגלאַנד אָדער צו ווילהעלם דעם צווייטען, צו דעם רוסישען צאַר אָדער צו דער פֿראַנצויזישער רעפּובליק? בעצאָהלען מוז ער אויך יעדען פֿאַל. צו דער דירעקטאָר פֿון פֿאַבריק איז אַ רוס אָדער אַ דייטש, אַן ענגלענדער אָדער אַ שפּאַניער, פֿאַר דעם אַרבייטער איז אַלעס איין שוואַרץ יאָהר. ער מוז אַרבייטען פֿאַר דעמזעלבען קלענגליכען לוין, ערטראָגען אַלע ברוטאַליטעטען פֿון זיין בעל הבית.

אין דער אמת'ען איז דאָס פֿאַטערלאַנד זעהר אַ גלייכגילטיגע זאַך פֿאַר דעם פּראָלעטאַריער. ער האָט איבערהויפּט נים קיין פֿאַטערלאַנד; ער ליידעט איבעראַל דיזעלבע שמערצען פֿאַר אַנדערע, וועלכע לעבען אַ גוטען טאָג אויף די קאָסטען פֿון זיין אַרבייט. ער קען זאָגען, ווי לאַ ברויער האָט געזאָגט: „אונטער דער הערשאַפֿט פֿון דעספּאָטיזמוס עקזיסטירט קיין פֿאַטערלאַנד. דער עגאָאיזמוס, די זאָגענאַנטע עהרע און די ערנידריגונג פֿאַר די הערשער פֿערנעהמען דעם פּלאַץ פֿון'ם פּאַטריאָטיזמוס." פֿאַר דעם פּראָלעטאַריער עקזיסטירען דיזע אַנדערע זאַכען אויך ניט; אין דערווירקליכקייט איז ער אַ מענש אָהן אַ פֿאַטערלאַנד.

אָבער טראָצדעם האָט ער אָנגענומען די אונבעשטימטע פֿאָרשטעלונג פֿון'ם פֿאַטערלאַנד אַלס זיין אידעאַל, טראָצדעם איז ער געוואָרען אַן אָנהייגער פֿון דער פּאַטריאָטישער רעליגיאָן, וועלכע די פּריסטער פֿון דער בורזשואַזיע פּריידיגען

צו איהם. די פראָלעטאַריער האָבען נאָך ניט בעגריפען, אַז די מאָדערנע עראָבערער קענען ניט מעהר שלעפען די בעזיגטע פעלקער אין דער שקלאַפעריי. ווי עס איז געוועזען דער פאַל אין די אַמאָליגע צייטען, זיי קענען ניט מעהר אַוועקרויבען פון זיי זייער פערזענליכעס אייגענטהום, זייער שפּראַכע און זייערע געוואוינהייטען. דאָס לעבען פון די איינוואוינער פון קאַנאַדאַ איז געבליבען דאָסועלביגע, טראָץ דער ענגלישער עראָבערונג. דער עלזאַסער, וועלכער איז פריהער געוועזען אַ פראַנצויז, און וועלכער איז פּלוצלונג געוואָרען אַ דייטש, האָט טראָצדעם בעהאַלטען זיינע אַמאָליגע זיטען און מנהגים, און זיין לעבען האָט זיך וויניג וואָס פערענדערט. זאָגאַר די געזעצע זיינען כמעט געבליבען דיזעלבע, אייניגע זיינען געוואָרען בעסער, אַנדערע ערגער. זאָגאַר די שפּראַכע איז זעהר וויניג בעאיינפלוסט געוואָרען דורך דעם איבערבייטען פון דער נאַציאָנאַליטעט. עס זיינען שוין פערגאַנגען אַריבער הונדערט יאָהר, זייט די ענגלענדער האָבען עראָבערט קאַנאַדאַ, אָבער טראָצדעם האָט זיך די פראַנצויזישע שפּראַכע ערהאַלטען ביז צום היינטיגען טאָג, זי האָט זאָגאַר פראָגרעסירט. אַ שטאַרקעס און לעבענס־קרעפטיגעס פאָלק קען בעזיעגט ווערען, אָבער עס וועט דעם זיעגער קיינמאָל ניט געלינגען אַוועקצורויבען פון איהם זיינע סאָציאַלע אייגענטהימליכקייטען. פילע מאָל טרעפט עס זאָגאַר, אַז דער בעזיעגטער איז אין דיזער בעציהונג שטאַרקער פון דעם זיעגער. אַ ביישפּיעל זיינען די כינעזער, וועלכע זיינען בעזיעגט געוואָרען פון די מאַנטשוס, אָבער אים פערלויף פון די יאַהרהונדערטע האָבען זיך די מאַנטשוס פערוואַנדעלט אין כינעזער.

די פראָלעטאַרישע מאַסע האָט אַבסאָלוט קיין אינטערעסע ניט, צו דיענען דעם פּאַטריאָטיזמוס און צו פערטהיידיגען דאָס פאַטערלאַנד. אָבער די בורזשואַזיע, די בעזיצענדע קלאַסע איז דירעקט פעראינטערעסירט, צו פערבלענדען די אויגען פון דעם פראָלעטאַריאַט דורך דעם פּאַטריאָטישען וואַהנזין,

נאָר זי אַליין ברייננט ניט דעם קלענסטען אָפּפער פאַר דיזע אידעע.

די אידעע פון'ם פאַטערלאַנד איז די אורזאַכע פון די שטענדיגע אַרמעען, וועלכע זיינען די שולען דער געהאָרכ־זאַמקייט און שקלאַפעריי. זי פּראָדוצירט און ענטוויקעלט דעם אַלקאָהאָליזמוס און די סיפילים, וועלכע פערניכטען די לע־בענס־קראַפט פון די פעלקער און זיי דעם רעוואָלוציאָנערען אינסטינקט, וועלכער איז די ערשטע בעדינגונג פון יעדען פּראָגרעס. די פּראָלעטאַריער, פערלאָ־זענדיג די קאַזאַרמען, פלאַנצען איבער די מיליטערישע געוואָהנהייטען, די געהאָרכזאַמקייט און ערנידריגונג אין דאַס געזעלשאַפטליכע לעבען; זיי טויטען די ענערגיע און די ווידערשטאַנדס־קראַפט פון די פעלקער און מאַכען פון זיי פייגע שקלאַפען אָהן אַ ווילען, אָהן בעדירפניסע. מען האָט ערקלעהרט, אַז די אַרמעע איז בעשאַפען געוואָרען, אום צו בעשיצען די זיכערהייט פון אַ לאַנד געגען אויסערליכע פיינדע; אין דער ווירקליכקייט איז זי נאָר אַן אינסטרומענט, צו אונטערדריקען די רעוואָלוציאָנערע שט־עבונגען אין'ם איי־גענעם לאַנד. פאָלגליך איז יעדע סימפּאַטיע מיט דער פּאַ־טריאָטישער אידעע און איהרע אונפערמיידליכע קאָנזעקווענ־צען, די אַרמעע א. ז. וו. אַ דירעקטער נוצען פאַר דער בעזיצענדער קלאַסע, וועלכע העלפט איהר ווייטער אייסצו־בייטען די פּראָלעטאַריער־קלאַסע.

* * *

די פּאַטריאָטישע אידעע, די אידעע פון'ם פאַטערלאַנד גרינ־דעט זיך אויף די סאָלידאַריטעט, אויף די פעראייניגונג פון אַ געוויסע צאָהל מענשען; זי איז אַלזאָ אַ קאָלעקטיווע פאָר־שטעלונג, אַן אַלגעמיינע פאָרשטעלונג. עס איז אַ זאַך דער אונמעגליכקייט, מיר זאָלען זיך פאָרשטעלען דאָס פאַטערלאַנד אַלס איין אינדיווידואום. דאָס פאַטערלאַנד איז אַלזאָ אַן אַלגעמיינע זאַך, וועלכע ווערט בעשטימט דורך איינציגע

אינדיווידוען. אום דיזע אינדיווידוען זאָלען זיך פעראייניגען און דורך דעם שאַפען די פאָרשטעלונג פון׳ם פאַטערלאַנד, מוזען צוערשט עקזיסטירען געמיינשאַפטליכע כאַראַקטערע און געוויסע נאַטירליכע בעציהונגען, וועלכע זאָלען זיי געגענזייטיג פערבינדען איינע מיט די אַנדערע. מיר קענען זיך ניט פאָרשטעלען, אַז מענשען אָהן געמיינשאַפטליכע זיטען און געוואוינהייטען, מענשען אָהן נאַטירליכע בעציהונגען זאָלען זיך פעראייניגען און שאַפען דורך זיער פעראייניגונג אַ זאָגענאַנטעס פאַטערלאַנד.

דיזע געמיינשאַפטליכע געוואוינהייטען און בעציהונגען זיינען געווען אָהן צווייפעל די אורזאַכען פון די ערשטע מענשליכע גרופּירונגען און געזעלשאַפטען, אין וועלכע דאָס אינדיווידואום האָט זיך ענטוויקעלט. די האָרדע, דער שטאַם, די גרופּע איז געווען דאָס ערשטע פאַטערלאַנד. דאָס געמיינשאַפטליכע לעבען האָט ענטוויקעלט אַ געוויסע פעראייניגונג, וועלכע איז נאָך פערשטאַרקט געוואָרען דורך די בלוט־פערוואַנדשאַפט, די געמיינשאַפטליכע מנהגים, געוואוינהייטען און שפּראַכע אין אויך דורך די געמיינשאַפטליכע געפיהלען און עמפּפינדונגען, וועלכע האָבען פערבונדען איין אינדיווידואום מיט דעם צווייטען. זיי זיינען געווען גלידער פון דעמזעלבען קערפּער, פעראייניגטע אינדיווידוען. דערפאַר האָט זיך ביי זיי ענטוויקעלט דאָס געפיהל פון אַ געוויסער געגענזייטיגער סאָלידאַריטעט.

עס איז זעלבסטפערשטענדליך, אַז זייערע געפיהלען צו די אַנדערע שטאַמען און גרופּען זיינען געווען גאַנץ פערשידען. לעבענדיג פון דער ווייטען, זיינען זיי נאָר געקומען אין בעריהרונג מיט זיי דורך דעם קריעג. די מנהגים, געוואוינהייטען, שפּראַכע און עמפּפינדונגען זיינען פערשידען. די אַנדערע זיינען פרעמדע, זיי זיינען שונאים. דאָס איינציגע פאַטערלאַנד איז די האָרדע, דער שטאַם, די גרופּע.

מיט דער צייט האָט דער מענש אויפגעגעבען זיין אַמאָלי־

געס ווילדעס לעבען אַלס יעגער און וואַנדערער. ער האָט אָנגעפאַנגען צו בעאַרבייטען די ערד און האָט געגרינדעט פעסטע פלעצער צום וואוינען — שטעדט און דערפער.

יעצט איז די שטאָדט געוואָרען דאָס פאַטערלאַנד. דער וואָס האָט געלעבט אויסערהאַלב פון שטאָדט, איז געווען א פרעמדער, א פיינד. דאָס איז געווען אַ וויטערע פאָרם פון דער פאַטריאָטישער אידעע.

דאָס פאַטערלאַנד איז יעצט געוואָרען גרעסער און זיינע איינוואוינער האָבען זיך פערמעהרט; אָבער דאָס פאַטריאָטישע געפיהל איז ניט מעהר אַזוי שטאַרק ענטוויקעלט געווען ווי בעפאָר, דען אין דער שטאָדט עקזיסטירען פערשידענע קלאַסען מיט פערשידענע אינטערעסען, די נויטווענדיגקייט דער סאָלידאַריטעט איז ניט מעהר אַזוי שטאַרק ווי אין דער גרופע אָדער דעם שטאַם.

די ציוויליזאַציאָן שאַפט שטענדיג נייע בעדערפניסע; דער האַנדעל ענטוויקעלט זיך, און פאָלגליך ווערען די בעציהונגען צווישען די בענאַכבאַרטע שטעדט איינגער און שטאַרקער. די בעוואוינער פון פערשידענע שטעדט לערנען זיך בעסער קענען, דער אַמאָליגער האַס פערשווינדעט און ביסלעכווייז ענטוויקעלט זיך אַ געוויסע צונייגונג צווישען זיי. די פערשידענהייט אין די מנהגים און געוואוינהייטען גלייכען זיך אויס; די שפראַכען פערמישען זיך; ביי פערשידענע געלעגענהייטען שאַפען די אַלגעמיינע אינטערעסען אַ געוויסע סאָלידאַריטעט, און מיט דער צייט ענטשטעהט אַ פעסטע פעראייניגונג צווישען די איינוואוינער פון פערשידענע שטעדט.

אַזוי האָט זיך ענטוויקעלט דער קליינער שטאַאַט; אַ נייעס פאַטערלאַנד איז ענטשטאַנען, גרעסער אין לאַנד און צאָהלרייכער אין איינוואוינער. אין אַזאַ שטאַאַט קען זיך נאָך ענטוויקלען אַ געוויסע געמיינשאַפטליכקייט פון די זיטען, מנהגים, געוואוינהייטען און שפראַכע, אָבער דאָס סאָלידאַרישע

געפיהל פערלירט וואָס וויטער אַלס מעהר פון זיין אַמאָליגער קראַפט.

די פערברייטונג פון די מענשליכע קענטניסע, די ענטוויקלונג פון האַנדעל און אינדוסטריע האָבען אַרויסגערופען נייע בעדירפניסע און נויטווענדיגקייטען, וועלכע האָבען געפונען זייער אויסדרוק אין גרעסערע רייזען און שטענדיגע בעציהונגען מיט די אויסלענדער. מלחמות, קעמפפע צווישען פיינדליכע פעלקער א. ז. וו. זיינען געווען דאָס רעזולטאַט דיזע שטענדיגע בעריהרונגען צווישען די פעלקער האָבען ביסלעכווייז אָבגעשוואַכט די נאַציאָנאַלע פערשידענהייטען און ענטוויקעלט געוויסע אַלגעמיינע געוואוינהייטען. געגענזייטיגע פעראייניגונגען און פערבינדונגען זיינען געשלאָסען געוואָרען. דיזע פעראייניגונגען, צוזאַמען מיט די עראָבערונגען האָבען אויפגעבויט דעם פונדאַמענט פון די גרויסע שטאַאַטען.

אַ נייעס פאַטערלאַנד איז אַלזאָ ענטשטאַנען, פיל גרעסער ווי אַלע פאַטערלענדער, וועלכע האָבען עקזיסטירט בעפאָר. די צאָהל פון זיינע איינוואוינער איז געוואָרען פיל גרעסער, אָבער זייער געגענזייטיגע סאָלידאַריטעט איז געוואָרען שוואַכער און אונבעשטימטער. דאָס נייע פאַטערלאַנד איז צו גרויס, אום זיינע בירגער זאָלען זיך געגענזייטיג קענען און פערשטעהן. זיי זיינען ניט מעהר פערבונדען דורך דעם טעגליכען פערקעהר, און פאָלגליך זיינען די פערשידענהייטען צווישען זיי פיל גרעסער ווי אַמאָל. ס'איז אמת, די פאַטריאָטישע סאָלידאַריטעט פערבינדעט אַלע דיזע מענשען, אָבער וואָס מעהר מענשען, וואָס גרעסער דאָס פאַטערלאַנד, אַלס שוואַכער און גרינגער איז דיזע פערבינרונג.

דאָס איז דער געגענווערטיגער צושטאַנד פון דער פאַטריאָטישער ענטוויקלונג. אָבער שוין זעהען מיר פאַר זיך אַ נייע פאַזע פון דיזער ענטוויקלונג, די אינטערנאַציאָנאַליטעט, די פעראייניגונג פון אַלע נאַציאָנען, די פערברידערונג צווישען אַלע מענשליכע וועזען.

דאָס געפיהל דער אינטערנאַציאָנאַליטעט ענטוויקעלט זיך אימער מעכטיגער אין די גרויסע פאַטערלענדער פון אונזער צייט. עס איז מעהר קיין צווייפעל, אַז די געפיהלען און שטרעבונגען פון די מענשען ווערען אימער אַלגעמיינער און גלייכאַרטיגער. אַלע ענטרעקונגען פון'ם מענשליכען גייסט פיהרען אונז נעהנטער צום ציעל, צו דער אינטערנאַציאָנאַלער פערברידערונג. טעלעגראַפען און טעלעפאָנען ברייטען זיך אויס איבער דעם גאַנצען ערדקוגעל ווי אַן אייזערנע נעץ; אייזענבאַהנען שניידען דורך די לענדער נאָך אַלע ריכטונגען; שיפען זעגלען דורך אַלע ימים; דאָס בייסיקעל, וועלכעס איז נעכטען ערפונדען געוואָרען, די דאַמפף־קאַרעטע, וועלכע האָט היינט אָנגענומען די ערשטע פאָרם פון איהר ענטוויקלונג, דער לענקבאַרער לופט־באַלאָן, וועלכער וועט מאָרגען שוועבען איבער די שטעדט און דערפער, דאָס זיינען די מיטלען, וועלכע מאַכען די פעלקער בעסער בעקאַנט איינע מיט די אַנדערע; עס זיינען די מיטלען, וועלכע פערניכטען די גרענעצען און מאַכען אַוועק מיט די נאַציאָנאַלע פערשידענהייטען.

די מענשען פון פערשידענע לענדער טושען אויס זייערע אידעען; די ביכער, זשורנאַלען און צייטונגען ווערען ניט אויסשליסליך געלעזען אין דעם לאַנד, וואו מען האָט זיי פובליצירט, זיי ווערען איבערגעזעצט אין אַנדערע שפראַכען און טראָגען זייערע געדאַנקען אין אַלע לענדער. דער איירא־פעער, וועלכער האָט וועהרענד צוויי יאַהרהונדערטע ניט געצייגט די קלענסטע אינטערעסע, פאַר דאָס וואָס עס טהוט זיך אין כינאַ, דערזעלבער אייראָפעער אינטערעסירט זיך היינט פאַר די אונבעדייטענסטע אַנגעלעגענהייטען פון דעם „הימלישען רייך.” אונזער פרעסע ברייגגט יערען טאָג טעלע־גראַמען פון אויסטראַליען, פון זיד־אַמעריקאַ און פון אַנדערע לענדער, צו וועלכע אינזערע עלטערען זיינען גאַנץ גלייכגילטיג געוועזען.

האַנדעל און אינדוסטריע האָבען די מענשען אייגגער פערבונדען. די איינוואוינער פון באָרדאָ און סענט-מאַלאָ פעראינטערעסירען זיך פיל מעהר פאַר די פּאַסירונגען אין בראַזיליען און נייזעעלאַנד, ווי פאַר דאָס, וואָס עס טהוט זיך אין ליאָן אָדער לאַנדערנאָ. אַ גרויסע אייראָפּעאישע טאַגעס-פראַגע ווירקט אויף אַמעריקאַ, זי קען פעראורזאַכען ערשיינונגען, וועלכע זאָלען בעאיינפלוסען אויסטראַליען, און פון דאָרטען קענען דיזע ערשיינונגען ווידער צוריק ווירקען אויף אייראָפּאַ.

ווען מיר טהוען אַ קוק איף די ליטעראַטור, די קונסט און די וויסענשאַפט, וועלען מיר געפינען דיזעלבע ערשיינונג. דער אויסטויש פון די אידעען ווערט מיט יעדען טאָג אינטימער און נאַטירליכער. די געגענזייטיגע בעציהונגען פון די קינסטלער, געלעהרטע און שריפטשטעלער ווערען אימער צאָהלרייכער און אינטערנאַציאָנאַלער.

די פראַנצויזישע ליטעראַטור ווערט בעאיינפלוסט פון די רוסען ט ו ר ג ע נ י ע ו ו און ט אָ ל ס ט אָ י און פון די סקאַנדינאַווישער א י ב ס ע ן און ב י ע ר נ ס אָ ן; און זי אַליין האָט ווידער אַ שטאַרקען איינפלוס איף די ענגלישע און שפּאַנישע ליטעראַטור. אונזערע מאַלער'ס זיינען די לעהרער פון דער ענגלישער און אַמעריקאַנישער מאַלעריי, און אונזערע אימפּרעסיאָניסטען זיינען די מעהר אָדער ווייניגער פעהיגע שילער פון דעם ענגלענדער ט ע ר נ ע ר. אין די לאַבאָראַטאָריומס פון אונזערע פהיזיקער און כעמיקער שטודירען די געלעהרטע פון אַלע לענדער, און אונזערע געלעהרטע שטודירען אין די שולען פון אַנדערע נאַציאָנען.

דיזער געגענזייטיגער אויסטויש פון די געדאַנקען און וויסענשאַפטען איז אַזוי קאָמפּליצירט, דאָס עס איז כמעט אונמעגליך, אויסצוגעפינען אַלע איינצעלהייטען פון דיזען אינטערנאַציאָנאַלען פערקעהר. אַזוי גיט עס בעזונדער אורזאַכען און ווירקונגען, וועלכע אַרבייטען בעוואוסט אָדער

אונבעוואוסט פֿאַר דעם גרויסען ווערק פֿון דער אלגעמיינער מענשען־ליעבע. ביסלעכווייז ענטוויקעלט זיך די פֿעראייניגונג פֿון אַלע פֿעלקער אויף דעם גאַנצען ערד־קוגעל, די ליעבע צו אַלע מענשען, צו וועלכער ראַסע זיי זאָלען ניט בעלאַנגען.

דאָס איז די גרויסע אויפֿגאַבע פֿון אונזער צייט, פֿאַר וועלכער קריסטוס האָט שוין געאַרבייטעט, פריידיגענדיג, דאָס אַלע מענשען זיינען ברידער, עס איז דאָס גרויסע ציעל, וועלכעס ליטרע האָט שוין געזעהען אין פֿאָראויס, שרייבענדיג אַז די צוקונפֿט בעלאַנגט צו דעם קאָסמאָפּאָליטיזמוס. עס איז דאָס ציעל, וועלכעס האָט בעגייסטערט שעוורע, ווען ער האָט געזאָגט: די גרויסע אויפֿגאַבע פֿון די נאַציאָנען איז צו פֿערבינדען זיך איינע מיט די אנדערע אַלס איין פֿאָלק, וועלכעס וועט פֿערניכטען אַלע גרענעצען, וועלכע דער האַס האָט בעשאַפֿען!" זאָגאַר דער מיליטאַריזמוס און דאָס קאַפּיטאַל זיינען די אונפֿרייוויליגע מיט־אַרבייטער, וועלכע העלפֿען מיט, צו רעאַליזירען דאָס גרויסע אידעאַל פֿון דער אינטערנאַציאָנאַליטעט. אין די קאַזאַרמען פעראייניגען זיך די מענשען פֿון פֿערשידענע קלאַסען און פֿערשידענע געגענדען. זיי לערנען זיך קענען איינער דעם צווייטען און אַבימילירען זיך געגנעזייטיג. דער קאַפּיטאַליזמוס שאַפֿט שטענדיג נייע בעציהונגען צווישען די פֿעלקער, דורך זיינע אויסלענדישע אַרבייטען און האַנדעלס־פֿערבינדונגען. אַזוי העלפֿט ער אונבעוואוסט און ניט ווילענדיג, צו ענטוויקלען די אינטערנאַציאָנאַלע שטרעבונגען און סאָלידאַרישע געפֿיהלען צווישען די פֿעלקער עס זיינען אַלזאָ פֿערהאַנדען אַלע בעדינגונגען, פֿאַר די שטענדיגע פֿערברייטונג און דעם זיעג פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלער אידעע, וועלכע וועט פֿערניכטען דעם מיליטאַריזמוס, צוזאַמען מיט דעם קאַפּיטאַליסטישען סיסטעם.

דער אינטערנאַציאָנאַליזמוס איז די לעהרע פֿון דער אַלגעמיינער פעלקער־פֿעראייניגונג. ער איז דאָס ווייטע ציעל, צו וועלכען די מענשהייט שטרעבט. צו ערשט וועלען זיך פֿער־

איינוגען די פעלקער פון אַ גאַנצען קאָנטינענט, דאַן פון אַ גאַנצער ראַסע, און צולעצט וועט זיך ענטוויקלען אַ פעראייניגונג פון אַלע מענשען.

דער געשיכטליכער פראָצעס פון די סאָציאַלע ערשיינונגען פיהרט אונז אונבעדינגט צום אינטערנאַציאָנאַליזמוס. אַלע פראַזען און שעהנע ווערטער קענען ניט אוועקמאַכען מיט דיזער טהאַטזאַכע. דער אינטערנאַציאָנאַליסט וויל, אַז די ליעבע זאָל פעראייניגען אַלע מענשען; ער וויל אויסראָטען דעם פאַטריאָטישען האַס, וועלכער טהיילט זיי אָב אין פיינדליכע גרופען, דער אינטערנאַציאָנאַליסט קעמפפט פאַר די פעראייניגונג פון אַלע נאַציאָנען, דאָס מיינט אָבער ניט, אַז די קליינע פעלקער זאָלען איינגעשלונגען ווערען פון די גרעסערע און מעכטיגערע נאַציאָנען.

ווען מיר שטודירען די סאָציאַלע ערשיינונגען פון אונזער צייט, וועלען מיר געפינען, אַז עס עקזיסטירט ביי די פעלקער אַ טענדענץ זיך צו אַסימילירען אין געוויסע בעציהונגען, אַ טענדענץ פון געוויסע אַלגעמיינע שטרעבונגען און געוואוינ־הייטען; אָבער אין דערזעלבער צייט וועלען מיר אויך געפינען די שטענדיגע ענטוויקלונג פון געוויסע סאָציאַלע פערשידענ־הייטען און אייגענטהימליכקייטען צווישען די נאַציאָנען.

דער איינצעלנער מענש שטרעבט שטענדיג צו ערהאַלטען און צו ענטוויקלען זיין אינדיווידואַליטעט, אין דערזעלבער צייט, ווען ער נעהמט אויף אין זיך די אינדיווידועלע אייגענ־טהימליכקייטען פון די מענשען, וואָס רינגלען איהם אַרום. ביי די פעלקער געפינען מיר דיזעלביגע ערשיינונג, ווי ביי די אינדיווידוען. די פערשידענהייט פון די סאָציאַלע אומ־שטענדען, פון דער ערד און פון קלימאַט האָבען אַ גרויסען איינפלוס אויף'ן מענשען, וועלכער ענטוויקעלט שטענדיג אין איהם דיזע ביידע שטרעבונגען. אויך די פערשידענהייט פון

די נאַהרונגס־מיטלען האָט אַ געוויסען איינפלוס אויף דיזע אונגלייכהייטען צווישען די פעלקער; נאַטירליך דאַרפען מיר אויך ניט פע־געסען, אַז דורך דעם מאָדערנעם האַנדעל און די מאָדערנע אינדוסטריע ווערט די אַרט און ווייזע פון דער מענשליכער ערנעהרונג שטענדיג גלייכאַרטיגער און אַלגעמיי־נער, ווי זי איז געווען בעפאָר.

עס איז לייכט צו בעגרייפען, אַז די סאָציאַלע און קלימאַ־טישע צושטענדע קענען ניט איבעראַל זיין עגאַל. פאָלגליך ווערט עס אויך שטענדיג געבען געוויסע פערשידענהייטען צווישען מענשען, וואָס לעבען אין פערשידענע פלעצער. דיזע פערשידענהייטען וועלען זיך גאַנץ בעשטימט אין דער צוקונפט מאַניפעסטירען אין מילדערע פאָרמען ווי אין דער פערגאַנ־גענהייט, אָבער עקזיסטירען וועלען זיי שטענדיג. אָבער דיזער אומשטאַנד מאַכט דעם אינטערנאַציאָנאַליסט ווייניג קאָפּ־פערדרעהעניש. וואָס ער וויל, איז די פעראייניגונג פון אַלע נאַציאָנען, די סאָלידאַריטעט, די ליעבע צו אַלע מענשליכע וועזען, אָנשטאָט דעם קריעג און דעם האַס צווישען די פעל־קער. דער אינטערנאַציאָנאַליזמוס, דיזע נאָבעלע אידעע שטעלט די מענשהייט העכער פון'ם פאַטערלאַנד; ער איז — ווי זשיל דעלאַפאָס האָט בעהויפטעט — די פילאָזאָ־פישסטע און ענטוויקעלסטע אנשויאונג פון דער מענשליכער סאָלידאַריטעט. פונקט ווי לעססינג, אַזוי זאָג אויך איך: „איך קען דעם פאַטריאָטיזמוס ניט פערשטעהן; איך גלויב, אַז דיזעס געפיהל איז אין דער אמת'ען נאָר אַ העלדישע שוואַכקייט, און איך בין וויקליך ניט טרויעריג, וואָס איך האָב אַזאַ מין שוואַכקייט קיינמאָל ניט קענען געלערנט."

„עס גיט נאָך אַ גרעסערע זאַך, ווי דאָס פאַטערלאַנד," זאָגט מאַבלי, „די ליעבע צו דער מענשהייט!" לאָמיר אַלזאָ ערקלעהרען פאַר דער גאַנצער וועלט — אַזוי ווי שיללער

האָט געטהאָן — אַז מיר זיינען וועלט־בירגער! לאָמיר אי־בערבייטען אונזער פאַטערלאַנד פאַר דער גאַנצער מענשהייט! לאָמיר ענדליך בעגרייפען, אַז מיר זיינען צוערשט מענשען, אײדער מיר זיינען דייטשען, רוסען, ענגלענדער אָדער פראַנצויזען!

